# שול־טעאַטער

## זאמלונג פון פּיעסן פאַר קינדער,

רעדאַקטירט פון **ש. באָסטאָמסקי**

**מיגועל סערוואַנטעס**

# דאָן קיכאָט

(קאָמעדיע)

אינסצעניזירט דורך די שילער פון IV און V קלאַס גימנאַזיע
פון ס. מ. גורעוויטש אין ווילנע
אונטער דער אָנפירונג פון דער לערערין מ. חיימסאָן.

ISBN:0-657-12443-5



ווילנע פאַרלאַג „גרינינקע ביימעלעך" 1936

# שול־טעאַטער
## זאַמלונג פון פּיעסן פאַר קינדער,
רעדאַקטירט פון **ש. באַסטאָמסקי**


**מיגועל סערוואַנטעס**

# דאָן קיכאָט

קאָמעדיע, אינסצעניזירט דורך די שילער פון IV און V קלאַס גימנאַזיע
פון ס. מ. גורעוויטש אין ווילנע
אונטער דער אָנפירונג פון דער לערערין מ. חיימסאָן.


ווילנע — פאַרלאַג „גרינינקע ביימעלעך" — 1936

Printed in Poland

M. Serwantes

# „Don Kichot"

(Inscenizacja)

Druk. „Express" Wilno. Wielka 33



דאָן קיכאָט

בילד פון י. בעקלין

**פּ ע ר ז אָ נ ע ן:**

דאָן קיכאָט.
סאַנטשאָ פּאַנטשאָ.
קרעטשמער.
ערשטע פרוי.
צווייטע פרוי.
פּאַסטעך.
פּאַסטעך־יינגל.
פויער.
גײַסטלעכער.
פריזירער.
פרינץ מיקאָ־מיקאָ.

## בילד I.

## פאַר דער קרעטשמע.

(פון וויטן זעט זיך א קרעטשמע. דאָן קיכאָט שטייט פאַר איר אין א פאַראָסטן אײַזערנעם מונדיר, א שווערד און שפּיז בײַ דער זײַט. דער העלם צוגעבונדן מיט א סאַך בענדלעך).

**דאָן קיכאָט:** אָ, סאַר אַ שיינער פּאַלאַץ! פון מירמלשטיין און פון גאָלד! דאָ וועט מען מיך שוין אויפנעמען! דאָ וועל איך זיך אָפּרוען!

(ס'גייט פאַרבײַ א פּאַסטעכל און פּייפט אויס א לידל).

**דאָן קיכאָט:** א קאַרליקל האָט מען אַרויסגעשיקט, ער זאָל מיך באַגעגענען! ער שפּילט פאַר מיר אַ טריומף־מאַרש!

(פון דער קרעטשמע גייען אַרויס צוויי פרויען. זיי דערזעען דאָן קיכאָטן און נעמען אַנטלויפן).

**דאָן קיכאָט:** גנעדיקע דאַמען! אַנטלויפט ניט פון מיר! האָט קיין מורא ניט! איך וועל אײַך קיין בייז נישט טאָן!

(די פרויען בלײַבן שטיין).

די געזעצן פון ריטערטום, וואָס אין זײַנע רייען געפין איך זיך, פאַרווערן צו באַליידיקן וועמען ס'זאָל ניט זײַן. ווער רעדט נאָך אַזוינע גנעדיקע דאַמען, ווי איר זײַט!

**די פרויען** (לאַכן). כאַ! כאַ! כאַ!

**דאָן קיכאָט:** צו וואָס איז דאָס געלעכטער? לאַכן דעמאָלט, ווען ס'איז ניטאָ פון וואָס, איז ניט אָנשטענדיק. איבעריקנס, זײַט זיכער, אַז דאָס אַלעס, וואָס איך רייד, איז נישט דערפאַר, וואָס איך וויל אײַך באַליידיקן, אָדער טרויעריק מאַכן אײַער פריילעכע שטימונג־פאַרקערט, איך בין שטענדיק גרייט אײַך צו דינען, מיט וואָס איך וועל נאָר קאָנען.

**די פרויען:** (לאַכן.) כאַ! כאַ! כאַ!

(עס קומט אַרויס דער קרעטשמער. א נידעריקער מאַן מיט א רויטער נאָז און א גרויסן בויך).

**דאָן קיכאָט:** אָט גייט דער קאָמענדאַנט פון דער פעסטונג! (גייט צו צום קרעטשמער) הער קאָמענדאַנט! ערלויבט מיר זיך פאָרצושטעלן — דאָן קיכאָט דע לאַ מאַנטשאָ, אַ וואַנ־ערנדיקער ריטער. (גריסן זיך).

**קרעטשמער:** (אָן אַ זײַט) ווער איז דאָס? איך פאַרשטיי, עפּעס אַ משוגענער, וואָס האָט זיך אײַנגערעדט, אַז ער איז אַ ריטער. פאַראַן באָקאַשעם געגנוג אַזוינע לײַט! דאָס האָבן זיי די ווילדע ריטער־ראָמאַנען משוגע געמאַכט. מע דאַרף מיט אים אַ שפּיל טאָן! (צו דאָן קיכאָטן) הער ריטער! אויב איר ווילט מיך באַשענקען מיט דער זכיה, אָפּצושטעלן זיך בײַ מיר אויף קוואַרטיר, וועל איך זײַן זייער געעירט. איר וועט בײַ מיר געפינען אַלץ, וואָס איר וועט נאָר באַדאַרפן, אַ חוץ נאָר איין קלייניקייט — אַ בעט צום שלאָפן. דאָס, זעט איר, קענט איר בײַ מיר ליידער נישט באַקומען.

**דאָן קיכאָט:** הער קאָמענדאַנט, איך באַנוגן זיך מיט ווייניק! דאָס כלי־זין איז מײַן צירונג. דער קאַמף — מײַן רו!

**קרעטשמער:** אָ, איך פאַרשטיי! — אויב אַזוי, הייסט עס, זײַנען פאַר אײַך די האַרטע שטיינער דאָס בעסטע געלעגער; וואַך זײַן — דער בעסטער שלאָף.

דאָן קיכאָט: יאָ, הער קאָמענדאַנט.

קרעטשמער: ביטע אַלזאָ אַרײַנקומען צו מיר אין שטוב, וווּ איר וועט קאָנען נישט שלאָפן נישט נאָר איין נאַכט, נאָר אַפילו אַ גאַנץ יאָר.

דאָן קיכאָט: איך דאַנק! איך דאַנק פון טיפן האַרצן!

(זיי גייען אַרײַן אין דער קרעטשמע. די פרויען און דאָס פאַסטעכל נאָך זיי).

(פ אָ ר ה אַ נ ג).

——

## בילד II.

## אין דער קרעטשמע.

דאָן קיכאָט באַטראַכט דעם צימער. (צום קרעטשמער). אַלזאָ, דאָס איז דער אויפנאַם־סאַלאָן פון דעם שלאָס! פּראַכטפול!

די פרויען: (לאַכן) כאַ! כאַ! כאַ

דער פאַסטעך (טוט אַ פייף).

דער קרעטשמער: אָ, גרויסער ריטער, גנעדיקער האַר! די זון איז שוין פאַרגאַנגען. איר ווילט געוויס עפּעס נעמען אין מויל אַרײַן?

דאָן קיכאָט: צו אײַער דינסט, הער קאָמענדאַנט!

קרעטשמער (צו די פרויען) זאָל מען גרייטן אַ טיש פאַרן הויכן גאַסט!

איינע פון די פרויען: (שטיל צום קרעטשמער) באַלעבאָס, ס'איז אין שטוב גאָרנישט ניטאָ.

קרעטשמער (צו דער פרוי) פאַרבליבן נאָך, דאַכט זיך, אַ שטיקל פאַרשימלט ברויט מיט אַ שטיקל פאַרלעגן פיש... און וואַסער איז דאָ אַ פולע פאַס. פאַר אַזאַ ריטער וועט עס זײַן דער בעסטער ווײַן.

1־טע פרוי (גייט אַרויס אַרײַנברענגען עסן).

קרעטשמער (צו דאָן קיכאָטן). דער הער ריטער איז, קענטיק, מיד פון ווײַטן וועג.

דאָן קיכאָט:

יאָ, מידלעך. אויפן וועג אַהער האָב איך נאָך געטראָפן אַ פאָר נידערטרעכטיקע מענער, וועלכע האָבן געוואַגט צו באַשמוצן מיט זייערע אומריינע פיס אײַער לאַנד. געהאַט די העזה צו לאַגערן מיט זייערע אייזלען לעבן אײַער פּאַלאַץ! האָב איך זיי פאַרטריבן! בין איך אַ ביסל מיד!

דער פאַסטעך: (צום קרעטשמער) דאָס זײַנען געוויס געווען די אייזל־טרײַבער, וואָס האָבן זיך דאָ היינט פרי אויפגעהאַלטן אויפן וועג קיין סעוויל!

קרעטשמער: איך דאַנק אײַך זייער, גנעדיקער האַר, וואָס איר האָט זיך פאַר מיר אָנגענומען!

(ערשטע פרוי קומט אַרײַן מיטן „עסן". די פרויען גרייטן צום טיש).

1־טע פרוי (צו דאָן קיכאָטן) דער טיש איז גרייט. דער הער ריטער ווערט געלאַדן.

(דאָן קיכאָט פאַרנייגט זיך און פאַרנעמט אַ פּלאַץ בײַם טיש. זעצט זיך מיטן פּנים צום עולם, די פרויען אַנטקעגן אים. דער קרעטשמער בײַ דער זײַט. דאָן קיכאָט פּרוּווט זיך אײַנבויגן צום עסן און קען ניט, ווײַל ער איז אײַנגעשפּאַנט אין זײַן וואָפן.

ערשטע פרוי: (שטיקנדיק זיך פון געלעכטער) אָ, הער, ווי וועט איר קאָנען לייגן די מאַכלים אין אײַער הויכגעבוירענעם מויל? איר זײַט דאָך אינגאַנצן פאַרבונדן מיט בענדער.

צווייטע פרוי: לאָזט מיך, איך וועל די בענדער איבערשנײַדן.

דאָן קיכאָט: חלילה! איך קען ניט דערלויבן, אַז איר, הויכע דאַמען, זאָלט זיך צוליב מיר באַמיען... אויך טאָר איך די בענדער ניט איבערשנײַדן, ווײַל איטלעך באַנד האָט אַ וויכטיקע באַדײַטונג פאַר מיר. אָט דאָס גרינע באַנד איז אַ טאַליסמאַן פון מײַן טײַערער דולצינעאַ דעל טאָבאָזאַ, דער שענסטער פון אַלע פרויען. דאָס צווייטע איז קמיע קעגן פראָסטאַנען!

(2־טע פרוי צעברעקלט אַ שטיקל ברויט און וואַרפט מיט געשטיקטן געלעכטער דעם ריטער שטיקלעך אין מויל אַרײַן).

דאָן קיכאַט (זינגט נאָכן עסן).

וועלכער פון די ריטער איז אַזוי אויפגענומען
געוואָרן פון שיינע פרויען ווי איך?
ווען האָבן אים דאַמען אַזוי באַדינט?
וועמעס פערד איז געוואָרן אַזוי געהיט?

דאָן קיכאָט: איך וועל אײַך, שיינע הויף־דאַמען, שענקען צו פירשטנטום אין דעם

לאַנד פון די ריזן, מיט וועלכע איך גיי קעמפן!

(דאָן קיכאָט וויל טרינקען און קען אין מויל ניט אַריינגיסן דאָס וואַסער פון גרויסן קרוג, פאַרגיסט זיך).

דער קרעטשמער: הער ריטער, בײַ אונדז טרינקט מען אַזוי:

(גיט אים אַ שטרוי און דאָן קיכאָט טרינקט דורך אַ לאַנגן שטרוי).

דאָן קיכאָט: (נאָכן עסן) איך דאַנק פאַר די טײַערע מאַכלים און די בעסטע געטראַנקען. נאָר אין אַ ריטער־שלאָס קען מען אַזוינס געפינען!

(גייט צרום איבערן צימער און רעדט צו זיך:

איין זאַך נאָר ערגערט מיך—וואָס איך בין נאָך צערעמאָניאַל נישט אַריינגעטראָטן אין ריטער־שטאַנד. אָן דעם האָט מען דאָך קיין שום רעכט ניט אויף העלדנטאַטן!

(פאַלט פלוצלונג דעם קרעטשמער צו די פיס).

קרעטשמער (פאַרחוּנדערט) וואָס איז געשען, הער ריטער?

דאָן קיכאָט: איך וועל נישט אויפשטיין, ביז דו, אָ גנעדיקער ריטער, וועסט מיר נישט צוזאָגן צו ערפילן מײַן בקשה.

קרעטשמער: זאָגט, וואָס פאַר אַ בקשה.

דאָן קיכאָט: די בקשה וועט באַדעקן מיט גרויס כּבוד נישט נאָר דיך אַליין, נאָר אפשר אויך די גאַנצע וועלט.

קרעטשמער: שטייט אויף און זאָגט אײַער בקשה.

דאָן קיכאָט: אַזוי לאַנג ווי איר וועט מיר ניט געבן קיין וואָרט צו ערפילן מײַן בקשה, וועל איך נישט אויפשטיין.

קרעטשמער: נו, גוט, וואָס איז?

דאָן קיכאָט:

אָ, גנעדיקער באַראָן! האָט רחמנות אויף דעם, וואָס ליגט פאַר אײַערע פיס. זאָל אײַער הויכקײַט באַוויליקן צו זאַלבן דעם מאַן, וואָס איר זעט פאַר זיך, פאַר אַ ריטער!

קרעטשמער: (פאַר זיך) ער איז דאָך גאָר משוגע מיט אַ שטייגער!

דאָן קיכאָט: איך מוז די זאַלבונג האָבן, כּדי איך זאָל מיט פולע רעכט קענען אַרומפאָרן איבער דער וועלט און פאַרטיידיקן די גערדריקטע, באַשטראָפן די שולדיקע און בכלל טאָן, וואָס אַ ריטער באַדאַרף טאָן.

קרעטשמער: מספּים, הער ריטער. כ'פיר אײַך אַרײַן אין ריטער־שטאַנד. איר וועט באַלד געהערן צום באַרימטן ריטערטום. ערלויבט מיר נאָר איין פראַגע אײַך פאַרלייגן — האָט איר עפּעס געלט בײַ זיך?

דאָן קיכאָט: קיין פּרוטה נישט. אין קיין בוך האָב איך נישט געלייענט, אַז די וואַנדער־ריטער זאָלן האָבן בײַ זיך געלט.

קרעטשמער: (פאַר זיך) אויב אַזוי, דאַרף מען מיט אים קיין לאַנגע שהיות ניט מאַכן.

(צו דאָן קיכאָטן) שטייט אויף, ה' ריטער, איך בין גרייט גלײַך צו דערפילן אײַער פאַרלאַנג.

(צו די פרויען) העי, פרויען, לויפט און ברענגט גלײַך דעם עמער מיטן טײַערן באַלזאַם. גיט אַהער מײַנע יאָנטעוודיקע קליידער

(די פרויען טראָגן אַריין לאַכנדיק אַן עמער וואַסער און אַ פאַרשמאַלצענע קאַפּאָטע. דער קרעטשמער טוט זיך אָן און זאָגט צו די פרויען: „צינדט אָן ליכט לכּבוד דער הייליקער צערעמאָניע!“

(צו דאָן קיכאָטן) אָ, גנעדיקער ריטער! שטעלט זיך אויף די קני, די צערעמאָניע הייבט זיך אָן!

(די פרויען מיטן פּאָסטעכל מיט אָנגעצונדענע ליכט אין די הענט רינגלען אַרום דאָן קיכאָטן

קרעטשמער: איצט ווערט איר געזאַלבט פאַר אַ ריטער

(ער עפנט אויף דעם קאָנטע־בוך און נעמט זאָגן:)

„דאָן פּעדראָ קומט 20 רענדלעך. כאָזע 30 טאַלאַרן. אַלע קומען 100. כאָזע צאָלט נאָר צען...“

(ער מורמלט ווייטער אונטער דער נאָז. טונקט אײַן אַ פּענדזל אינם עמער וואַסער, שפּריצט אָפּ דאָן קיכאָטן, דאַן גיט ער אים מיטן שווערד אַ קלאַפּ איבערן נאַקן.)

זאָל גאָט געבן, איר זאָלט זײַן דער גליקלעכסטער ריטער!

(די פרויען מיטן פּאָסטעכל גייען אַוועק אין אַ זײַט)

דאָן קיכאָט: (פאַלט דעם קרעטשמער צו די פיס).

אָ, ווי דאַנקבאַר איך בין דיר, דו גרויסער באַראָן. איך דאַנק דיר אין נאָמען פון דולצינעאַ דעל־טאָבאָזאָ, דער דאַמע פון מײַן האַרצן. פון הײַנט אָן הייס איך „דער ריטער אָן שרעק און פאַרוואָרף“.

(אַלע שיסן אויס מיט אַ געלעכטער).

## בילד III.

# דאָן קיכאָט און דאָס פּאַסטעך־ייִנגל.

(אין וואלד. א האלב־נאקעט 15־יאָריק יינגל — צוגע־בונדן מיט א שטריק צו א בוים. א דיקער פּויער שמייסט דעם יינגל מיט א רימען)

**יינגל:** (שרייט) אוי, אוי! איך שווער בײַ מײַן לעבן, אַז איך וועל ווײַטער שוין גוט אַכטונג געבן!

**פּויער:** דאַרפסט היטן די שאָף גוט!

(שלאָגט ווײַטער)

**יינגל:** אוי, אוי, האָט ראַכמאָנעס, שלאָגט מיך ניט!.. (וויינט, טאַנצט אונטער)

**דאָן קיכאָט:** (קומט אָן מיט האַסטיקע טריט) אומפאַרשעמטער ריטער! צי איז דאָס אָנ־שטענדיק אָנצופאַלן אויף אַ מענטשן, וועל־כער האָט קיין שום מעגלעכקייט ניט זיך צו פאַרטיידיקן? צי ווילט איר ניט זיך אַנידערזעצן אויף אײַער פערד און נעמען די שפּיז אין דער האַנט,—דאַן וועל איך אײַך שוין ווײַזן, וואָס אײַער טאַט איז ווערט!

**פּויער:** איך האָב אים געדונגען, ער זאָל בײַ מיר פּאַשען די שאָף. אַ טויגעניכץ, לאָזט ער די שאָף אויף הפקר און יעדן טאָג פעלט מיר אַ שאָף.

**יינגל:** ניט אמת, ניט אמת! ער שלאָגט מיך, ווײַל ער וויל מיר ניט באַצאָלן מײַן געהאַלט. מיר קומט שוין פאַר 9 חדשים.

**פּויער:** אַ ליגן! עס קומט אים אַ סאַך ווייניקער...

**דאָן קיכאָט:** אָן עק! איר מוזט אים שוין באַצאָלן דאָס גאַנצע געלט, וויפיל ער מאָנט! אויב נישט, מאַך איך פון אײַך אַ תל.

**פּויער:** איצט האָב איך בײַ זיך קיין געלט נישט. זאָל אַנדערס גיין מיט מיר אַהיים, וועל איך אים באַצאָלן ביז איין גראָשן.

**יינגל:** אוי, מיט אים אַהיים ניט! איין מינוט מיט אים בלײַבן, וועט ער פון מיר לעבדיקערהייט די הויט אַראָפּשינדן!

**דאָן קיכאָט:** דאָס מאַכט נישט אויס. זאָל ער מיר נאָר געבן זײַן ריטער־וואָרט, וועט ער שוין באַצאָלן ביז אַ גראָשן.

**פּויער:** (אָן אַ זייט) אָ, איך פאַרשטיי שוין, דאָס איז אַ האַלב־משוגענער ריטער. גוט, איך וועל אים געבן דאָס וואָרט. (צו דאָן קיכאָטן) איך שווער בײַ אַלע העלדישע ריטער און בײַ אַלע געוועזענע און קינפ־טיקע ריטעראָרדנס, אַז איך וועל אויספירן אַלץ, וואָס איך זאָג צו.

**דאָן קיכאָט:** געדענק, מיט וועמען דו האָסט צו טאָן! איך בין - דאָן קיכאָט דע לאַ מאַנטשאַ, דער מלאך הגואל פון אַלע געפּײַ־ניקטע און געדריקטע און דער טויט פון אַלע אונטערדריקער און פּײַניקער. בלײַב געזונט און האַלט דײַן וואָרט, כּדי איך זאָל דיך נישט דאַרפן באַשטראָפן לויט די מינהגים פונעם ריטערטום.

(גייט אַוועק. דאָס פּאַסטעכל קוקט אים נאָך מיט שרעק. דער פּויער קוקט זיך אַרום)

**פּויער:** איצט וועל איך דיר באַצאָלן, ווי דו האָסט פאַרדינט. עס קומט דיר, דאַכט זיך, נאָך אַרויס!

**יינגל:** אַי־אַי־אַי! איך וועל דערציילן דעם גוטן ריטער!.. (שלאָגט אים ווידער).

**פּויער:** גיי רוף דײַן ריטער.

**יינגל:** אָ, טײַערער ריטער! ליבינקער ריטער, דאָן קיכאָט דע לאַ מאַנטשאַ! ראַטע־וועט מיך! וווּ זײַט איר?!!

(פאָרהאַנג)

## בילד IV.

# דער קאַמף צווישן דאָן קיכאָטן און די מילן.

דאָן קיכאָט: (צו סאַנטשאָ פּאַנטשאָן, זיין באַגלייטער) פריַינט מיַינער! וואָס פאַר אַ גליקלעכן מזל מיר האָבן! זע נאָר, סאַנטשאָ, די גרויסע מחנה פון ריזן! אַ תּל מאַך איך גליַיך פון זיי אַלע, און מיר ווערן באַלד פאַרטיקע נגידים, וואָרום זיי מוזן אַוואַדע האָבן מיט זיך אַ סאַך גאָלד און זילבער. אַחוצדעם איז דאָס גלאַט אַ גרויסער אויפטו אַוועקצוהאַרגענען זיי: ריזן — דאָס איז אַזאַ צרה, פון וועלכער די וועלט מוז איין מאָל פאַר אַלע מאָל פּטור ווערן.

סאַנטשאָ פּאַנטשאָ: (פאַרוווּנדערט). וועגן וואָס פאַר אַ ריזן רעדט איר דאָס, הער?

דאָן קיכאָט: וואָס הייסט, וועגן וואָס פאַר אַ ריזן איך רייד? וועגן די אָ ריזן, וואָס שטייען דאָרט פאַר אונדז. שוין־זשע האָבן זיי דיך מיט זייער כּישוף אַזוי פאַרבלענדט, אַז דו זעסט זיי ניט? גיב נאָר אַ קוק, וואָס פאַר אַ הענט זיי האָבן! אַוואַדע אַ פאָר מיַיל די לענג יעדע האַנט.

סאַנטשאָ־פּאַנטשאָ: גאָט איז מיט אַיַיך! וואָס פאַר אַ ריזן זעט איר עס? דאָס זיַינען דאָך פּשוטע ווינטמילן! און דאָס, וואָס איר נעמט אָן פאַר הענט, דאָס זיַינען דאָך פּשוט די פליגלען פון די מילן, די פליגלען, וואָס באַוועגן די מילשטיינער מיט דער הילף פון ווינט.

דאָן קיכאָט: סאַנטשאָ, דו ביסט ניט באַהאַוונט אין די ריטערלעכע ענינים, דעריבער זעסטו ניט דאָס, וואָס קומט פאָר אין דער ווירקלעכקיַיט. איך זאָג דיר, אַז דאָס זיַינען ריזן!

סאַנטשאָ פּאַנטשאָ: כ׳לעבן, מע דאַרף אַליין האָבן ווינטמילן אין קאָפּ, כּדי מע זאָל זיך קאָנען פאָרשטעלן אַזוינע זאַכן.

דאָן קיכאָט: שוויַיג! דו פאַרשטייסט גאָרנישט!.. אויב דו האָסט מורא פאַר זיי, קענסטו אָפּגיין אָן אַ זיַיט און וואַרטן, ביז איך וועל מיט זיי פאַרטיק ווערן. גיב נאָר אַ קוק, ווי גרויס די צאָל זייערע איז. דאָך וועל איך זיי ביַיקומען אַלע. (דאָן קיכאָט שלעפּט אַרויס די שווערד און לויפט צו די מילן שרייענדיק)

אַנטלויפט ניט, איר מיאוסע נפשות! איר זעט דאָך, אַז איינער אַליין גיי איך אין קאַמף קעגן אַיַיך!..

## בילד V.

# דאָן קיכאָט באַקומט מאַמברינאָס הוט. זיַין תּשובה.

● וועג צווישן בערג. אויפן וועג — דאָן קיכאָט און סאַנטשאָ פּאַנטשאָ.

דאָן קיכאָט: (קוקט אין דער וויַיט) סאַנטשאָ, זעסט דאָרט דעם ריַיטער מיט דעם גאָלדענעם הוט? אָ, איצט וועסטו זיך איבערציַיגן, אַז דאָס מזל באַלוינט מיך פאַר אַלע איבערגעקומענע ליַידן. איך בין זיכער, אַז דער ריטער, וואָס קומט אונדז אַנטקעגן, טראָגט אויפן קאָפּ דעם באַרימטן הוט פון מאַמברינאָ... שוין לאַנג האָב איך זיך געגעבן דאָס וואָרט, אַז איך מוז דעם הוט באַקומען. איצט וועל איך אים אָפּנעמען ביַים ריטער.

סאַנטשאָ פּאַנטשאָ: הער, באַטראַכט זיך נאָר גוט, וואָס איר ווילט טאָן! עס זאָל ניט זיַין די אייגענע מעַיסע, וואָס מיט די מילן.

דאָן קיכאָט: שוויַיג, דו פלאַפּלער איינער! וואָס האָט עס איינס צו דאָס אַנדערע? זעסטו דען ניט דעם ריטער, וואָס קומט אונדז אַנטקעגן מיט אַ גאָלדענעם הוט אויפן קאָפּ? שטעל זיך אָן אַ זיַיט און קוק זיך צו,

ווי מיט איין דריי וועל איך מיט אים פאַרטיק ווערן און האָבן דעם הוט אין מײַנע הענט.

עס קומט אַן אַ דאָרפישער ראַזירער מיט אַ קופּערנעם ראַזיר-בעקן אויפן קאָפּ.

**דאָן קיכאָט:** (לויפט צו צו אים מיטן שפּיז אין דער האַנט אויסשרייענדיק) שטיי! ריטער, צי אַרויס דײַן שווערד און פאַרטיידיק דײַן לעבן!

**פּריזירער:** (אַ דערשראָקענער) אוי, גוואַלד! וואָס איז דאָס פאַר אַ פאַרזעעניש?! (ער לויפט אַוועק און לויפנדיק פאַרלירט ער דעם בעקן).

**דאָן קיכאָט:** ער איז גאָר קיין נאַר ניט, דער כעוורעמאַן! ער האָט פאַרשטאַנען, אַז אַמבעסטן איז פאַר אים צו אַנטלויפן און איבערלאָזן מיר דעם טײַערן אוצר! (שרייט אויס צו סאַנטשאָן ווייזנדיק אויפן בעקן) סאַנטשאָ, הייב אויף דעם גאָלדענעם הוט!

**סאַנטשאָ פּאַנטשאָ:** (הייבט אויף און באַטראַכט די כּלי) איך שווער בײַ מײַן לעבן, אַז דער דאָזיקער גאָלדענער הוט איז מאָדנע ענלעך צו אַ ראַזיר-בעקן. (מיט פאַרשטיקטן געלעכטער דערלאַנגט ער דעם בעקן דאָן קיכאָטן).

**דאָן קיכאָט:** (טוט אים אָן אויפן קאָפּ דריִענדיק אים אויף אַלע זײַטן).

ענדלעך האָב איך זוכה געווען אָנצוטאָן אויף מײַן קאָפּ מאַמברינאָס הוט. ציטער, פּרעסטאָן! אין דעם דאָזיקן הוט וועל איך דיך זיכער באַזיגן!

**סאַנטשאָ פּאַנטשאָ:** (טרייסלט זיך פאַר געלעכטער).

**דאָן קיכאָט:** (ווערט פּלוצלונג אומעטיק) אָבער ניין, ס'איז נאָך ווייניק צו באַזיצן מאַמברינאָס הוט כּדי צו באַזיגן פּרעסטאָנען.

**סאַנטשאָ פּאַנטשאָ:** וואָס זשע נאָך דאַרף מען טאָן, מײַן האַר?

**דאָן קיכאָט:** איך דערמאָן זיך. אַז ווי אַ וואַנדערנדיקער ריטער מוז איך נאָך איבערקומען עטלעכע טעג פון פּײַניקונג און תּשובה פאַר מײַנע זינד.

**סאַנטשאָ פּאַנטשאָ:** שוין ווידער אַ נײַס?

**דאָן קיכאָט:** אַזוי האָט אויך געטאָן דער קיניג פון די ריטער אַמאַדיס פון גאַליע. ער האָט זיך דערווײַטערט אין אַ וויסט [illegible]ט, ווו ער האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ משוגענעם און זיך אָנגערופן מיטן נאָמען „פינצטערער ריטער". איך וועל אים נאָכטאָן.

**סאַנטשאָ פּאַנטשאָ:** הער, וואָס פאַר אַ ווילדע זאַך האָט איר פאַרטראַכט!

**דאָן קיכאָט:** באַטראַכט נאָר דאָס אָרט, ווו מיר געפינען זיך. די הויכע ווילדע בערג זײַנען פּונקט צוגעפּאַסט פאַר אַן אָפּגעזונדערט לעבן. איך בלײַב דאָ. איך וועל דאָ שפּילן די ראָל פון אַ געפערלעך משוגענעם מענטשן, ביז איך וועל אינגאַנצן ניט אויסקויפן מײַנע זינד און ווערט זײַן צו באַזיגן פּרעסטאָנען. איך דערקלער דיר אַלזאָ, סאַנטשאָ, אַז איך בין שוין משוגע, אמת משוגע.

**סאַנטשאָ פּאַנטשאָ:** איך מוז אײַך זאָגן, הער, אַז איך הייב אָן צו גלויבן, אַז ס'איז ווירקלעך אַזוי. נאָר אויב אײַך געפעלט עס אַזוי שטאַרק, טוט, ווי איר פאַרשטייט. יעדערער איז זיך אַ באַלעבאָס אויף זײַנע ציין. ער קען זיך זיי אַליין אויסזעצן, און קיינער דאַרף אים קיין דעה ניט זאָגן.

**דאָן קיכאָט:** זע, מע קען דאָך דערטרונקען ווערן אין מבול פון דײַנע ווערטער. וואָס איז דאָס מיט דיר אַזוינס?

**סאַנטשאָ פּאַנטשאָ:** מיט מיר איז גאָרנישט. איך האָב נאָר באַשלאָסן, אַז אין דער צײַט, וואָס איר וועט דאָ פּראַווען אײַערע משוגעתן אויף דידאָזיקע בערג, זאָל איך מיר דערווײַל אומקערן אַהיים צו מײַן ווײַב און קינדער.

**דאָן קיכאָט:** דו קענסט דאָס טאָן. זאָלסט נאָר נישט פאַרגעסן צו קומען צו מיר צוריק אין צוויי וואָכן אַרום. פּונקט אַזוי פיל צײַט וועט דויערן מײַן תּשובה. איך באַפרײַ אויך מײַן ראָסינאַנטען, מײַן העלדישן פערד. אָ, ראָסינאַנטע, גיי זיך דיר ווו דײַן האַרץ געלוסט! באַקום דײַן פרײַהײַט פון דעם, וואָס האָט זײַן פרײַהײַט פאַרלאָרן!

**סאַנטשאָ פּאַנטשאָ:** הער משוגענער ריטער! ראָסינאַנטע וואָלט טאַקע מיר גוט צוניץ געקומען אויף מײַן רײַזע, וואָרום איך בין זייער אַ שלעכטער פוסגייער.

**דאָן קיכאָט:** איך האָב גאָרניט קעגן דעם. איך וואָלט נאָר וועלן, אַז דו זאָלסט

נאָך איבערבלײַבן אויף אַ טאָג אָדער צוויי, כּדי דו זאָלסט צוזען די משוגעתן, וואָס איך וועל דאָ אַרויסווײַזן.

סאַנטשאָ פּאַנטשאָ: איך האָב זיך שוין גענוג אָנגעקוקט אויף זיי.

דאָן קיכאָט: ניין, דו האָסט נאָך אינ־גאַנצן ניט געזען.

סאַנטשאָ פּאַנטשאָ: צו וואָס באַדאַרף איך עס? איך גלויב אײַך אויפן וואָרט. אַלזאָ אַדיע! (בלײַבט שטיין) איך וואָלט אײַך נאָר בעטן, גנעדיקער הער, איר זאָלט מיר געבן אַ צעטל צו אײַערע הויז־לײַט, זיי זאָלן מיר אַרויסגעבן די דרײַ אייזלען, וואָס איר האָט מיר צוגעזאָגט.

דאָן קיכאָט: איך גיב דיר גלײַך. (שרײַבט אויף אַ בלעטל פון זײַן נאָטיץ־ביכל. לייענט)

„ליבע פּלימעניצע! איך באַפעל אײַך אַרויס־צוגעבן סאַנטשאָ פּאַנטשאָן דרײַ פּינפּיעריקע אייזלען. געשריבן צווישן די בערג סעראַ־מערענאַ, 26־טן אַווגוסט הײַנטיקס יאָר."

סאַנטשאָ פּאַנטשאָ: אַן אַנטיק! אַ שיינעם דאַנק אײַך, הער ריטער!

דאָן קיכאָט: וואַרט נאָר, איך וועל דיר אויך מיטגעבן אַ בריוו צו דער באַהער־שערין פון מײַן האַרץ, דולצינעאַ דעל טאַבאָזאַ. דו זאָלסט אים נאָר לאָזן איבער־שרײַבן שיין און אויף שיינעם פּאַפּיר. עס מאַכט ניט אויס, וואָס מײַן אונטערשריפט וועט זיך ניט געפינען. עס זײַנען גענוג די ווערטער: „דײַנער ביזן טויט, דער ריטער פון טרויעריקן געשטאַלט".

סאַנטשאָ פּאַנטשאָ: ווו וועל איך געפינען אײַער שיינע געליבטע?

דאָן קיכאָט: זי איז די טאָכטער פון לאָרענצאָ קאָרטשיעלאָ.

סאַנטשאָ פּאַנטשאָ: טאַ, טאַ, לאָרענ־צאָ קאָרטשיעלאָס טאָכטער, דאָס איז די גנעדיקע דאַמע דולצינעאַ דעל טאַבאָזאָ?

דאָן קיכאָט: יאָ, יאָ! און זי פאַרדינט צו זײַן די הערשערין פון דער גאַנצער וועלט.

סאַנטשאָ פּאַנטשאָ: איך קען זי גאַנץ גוט! זי איז אַ מויד אַ בריה! געזונט ווי אײַזן, און אַ קול ווי אַ גראַגער. מיט יעדן איז זי גרייט צו טרײַבן שפּאַס און זיך חברן. עס איז טאַקע אַ גרויסער יושר, גנעדיקער האַר, איר זאָלט ווערן משוגע צוליב איר.

דאָן קיכאָט: (שרײַבט אין לייענט איבער דעם בריוו).

הויכע און ערהאַבענע דאַמע!
צעשאָסן און פאַרוווּנדעט פון דער שווערד און פון די פײַלן פון מײַן ליבע צו דיר, שיק איך דיר, אָ זיסע דולצינעאַ דעל טאַבאָזאָ, מײַן הייסן גרוס. מײַן געטרײַער און איבערגעגעבע־נער וואָפּנטרעגער וועט דיר, אָ, שיינע און געליבטע דולצינעאַ, דערציילן, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד איך געפין זיך צוליב דיר. ווען דו וועסט זײַן אַזוי גוט מיר צו העלפן, בין איך דײַנער. אויב ניט, טו ווי דיר געפעלט.
דײַנער ביזן טויט
דער ריטער פון טרויעריקן געשטאַלט.

סאַנטשאָ פּאַנטשאָ: זייער גוט, איך וועל דעם בריוו איבערגעבן. אַדיע, הער ריטער!

דאָן קיכאָט: וואַרט נאָך צו אַ ווײַלע. באַטראַכט כאָטש איניקע משוגעתן מײַנע (וואַרפט אַראָפּ די בגדים. קוליעט זיך אייניקע מאָל אי־בער, קריכט אויף אַלע פיר, שפּרינגט אויף איין פוס.

סאַנטשאָ פּאַנטשאָ: (לאַכנדיק) גענוג, גענוג! איך שטעל זיך שוין פאָר, ווי דאָס וועט אויסזען. אַדיע! (גייט)

בילד VI.

סצענע I.

## דאָן קיכאָטס שכנים (גײַסטלעכער און שערער) גייען ראַטעווען דאָן קיכאָטן.

אַ וועג. עס גייען דער גייסטלעכער און דער שערער. אַנטקעגן זיי קומט אָן סאַנטשאָ פּאַנטשאָ.

שערער: זע נאָר, צי איז דאָס ניט דער זעלביקער סאַנטשאָ, וועלכער איז לויט די רייד פון דאָן קיכאָטס אויפזעערין מיטגעגאַנגען מיט דאָן קיכאָטן?

גײַסטלעכער: יאָ, דאָס איז ער טאַקע.
(סאַנטשאָ קומט צו. גריסט זיך. גײַסטלעכער צו סאַנטשאָן).
ליבער סאַנטשאָ, זאָג נאָר, וואָס איז געוואָרן מיט דײַן באַלעבאָס?

סאַנטשאָ: וואָס האָט געדאַרפט זײַן? גאָרנישט!

גײַסטלעכער: געדענק סאַנטשאָ, דערצייל בעסער. אויב דו זאָגסט ניט דעם אמת, וועסטו האָבן צו טאָן מיט דער פּאָליציי.

סאַנטשאָ: אויב עס האַלט אַזוי, וועל איך בעסער דערציילן.

שערער און גײַסטלעכער: יאָ, יאָ, דערצייל!

סאַנטשאָ: זײַט וויסן, אַז מײַן האַר טוט איצט תשובה אין די בערג. ער גייט אַרום נאַקעט, פּײַניקט זיך און פאַסט. און גלײַך ווי ער ענדיקט די תשובה, ווערט ער קיניג אין אַ רײַכן לאַנד מיט אַ סאַך הויפלײַט און הויפפרײַלינס... און וואָס איז שייך מיך, האָב איך באַשלאָסן, אַז ווי נאָר גאָט וועט מיך העלפן און איך וועל ווערן אַן אַלמן, וועל איך חתונה האָבן מיט איינער פון די הויף־פרײַלינס, וועלכע וועט מיר ברענגען אין גדן

אַ גוט, ווײַל מיר איז שוין מיאוס געוואָרן צו וואַרטן אויפן אינדזל, וואָס דאָן קיכאָט האָט מיר צוגעזאָגט.
(שערער און גײַסטלעכער קוקן זיך איבער שמייכלענדיק).

גײַסטלעכער: דער נושא־כּלים איז דאַכט זיך, ניט ווייניקער משוגע ווי זײַן באַלעבאָס.

שערער: איך מיין אויך אַזוי.

גײַסטלעכער: (צו סאַנטשאָן) איך גראַטוליר דיך מיט דײַן גלענצנדיקער צוקונפט. נאָר לויט מײַן מיינונג וואָלט בעסער געווען אַרויסצובאַקומען דײַן באַלעבאָס פון דער וויסטעניש און אײַנריידן אים, ער זאָל זיך אָפּזאָגן פון תשובה טאָן. דאָס וועט אים קיין נוצן סײַ־ווי־סײַ ניט ברענגען.

סאַנטשאָ: האָט איר אַ מיטל ווי דאָס צו מאַכן?

גײַסטלעכער: מיר וועלן שוין עפּעס צוטראַכטן.

סאַנטשאָ: קען איך אײַך מיט וואָס דינען?

גײַסטלעכער: דערווײַל קענסטו גיין אין קרעטשמע וואָס איבערכאַפּן. שפּעטער וועלן מיר דיך מיסטאָמע דאַרפן.

סאַנטשאָ: (אָפּ).

גײַסטלעכער: וואָס טראַכט מען עפּעס אַזוינס צו כּדי צו ווירקן אויף דאָן קיכאָטן, ער זאָל זיך אומקערן אַהיים?

שערער: אפשר פאַרשטעלן זיך פאַר מכשפים.

גײַסטלעכער: ניין, איך האָב אַ בעסערן מיטל. ווייסט וואָס מיר איז אײַנגעפאַלן? דו, מיקאָלאַ, וועסט זיך אָפּגאָלן די באָרד, אָנפאַרבן דאָס פּנים און איבערטאָן זיך פאַר אַ יונגן מאַנדערנדיקן פרינץ.

שערער: און איר?

**גײַסטלעכער:** איך וועל זײַן דײַן נושא כּלים. און אַזוי וועלן מיר קומען צום מטורף, פאַלן אים צו די פיס און בעטן...

**שרער:** ... ער זאָל נעמען נקמה פון דעם אומטרײַען ריטער, וואָס האָט בײַ מיר צוגערויבט דעם טראָן.

**גײַסטלעכער:** מיר וועלן נאָך צוגעבן, אַז דו ביסט געבליבן אַ יתום נאָך דײַן העלי־דישן פאָטער. דאָס וועט נאָך מער רירן דאָס האַרץ פון אונדזער גוטן משוגענעם ריטער.

**שרער:** דער קליגסטער אײַנפאַל, וואָס קען נאָר געבן אויף דער וועלט!

**גײַסטלעכער:** אַלזאָ, לאָמיר זיך אײַלן. מיר מוזן זען וואָס גיכער אויסצופירן דעם פּלאַן.

**שרער:** (זוכט אין זײַן קאָרב) פאַרב האָב איך, אַ שוואַרצע טאָגע אויך. אָט, ווי איר זעט מיך, ווער איך באַלד אַ פּרינץ.

**שטים:** פאַרשאָלטענע וואַליזע! איך האָב זי, דאַכט זיך, דאָ אַוועקגעוואָרפן.

(גײַסטלעכער און שרער קוקן זיך אום. ס'באַווײַזט זיך אַ יונגער מאַן פון אַ יאָר 18 — 19 אין אַ ברייטער פעלערינע, מיט אַ פרײלעכן פּנים).

**גײַסטלעכער:** (צום שרער) דאָס איז, ווײַזט אויס, אײנער פון די פרײלעכע יונגעלײַט, וואָס שלעפּן זיך דאָ איבער אַלע וועגן. ער וואָלט, מיר דאַכט, בעסער געפּאַסט צו שפּילן די ראָל פון אַ פּרינץ. ער איז אַ סך פּיפּיקער פון דיר.

**שרער:** מיט פאַרגעניגן וועל איך אים די ראָל איבערגעבן, דאַן וועל איך גאָר זײַן זײַן נושא כּלים און אײַך וועט אינגאַנצן ניט אויסקומען זיך איבערצוטאָן.

**גײַסטלעכער:** (צום יונגנמאַן). היי! יונגערמאַן! די וואַליזע, וואָס איר זוכט, וועט זיך זיכער געפינען, און דערווײַל האָט איר אפשר חשק צו נעמען אַן אָנטייל אין אַ פרײ־לעכער קאָמעדיע?

**יונגערמאַן:** אָ, זייער גערן. צו שפּילן אַ קאָמעדיע זאָג איך זיך קײנמאָל ניט אָפּ.

**שרער:** אויב אַזוי, קומט מיט אונדז. איידער איר וועט זיך איבערטאָן פאַר אַ פּרינץ, וועל איך אײַך דערציילן די גאַנצע געשיכטע.

פאָרהאַנג

## סצענע II.

די זעלבע דעקאָראַציע. דער יונגערמאַן—איבערגעטאָן ווי אַ פּרינץ, דער שרער—ווי זײַן נושא־כּלים. גײַסטלעכער.

**גײַסטלעכער:** (צום יונגנמאַן) אַלזאָ, איר הייסט פּרינץ מיקאָמיקאָ, און דאָס איז אײַער נושא כּלים.

סאַנטשאָ קומט אָן. די פאַרשטעלטע גייען אָפּ אין אַ זײַט פאַרענדיקן זייער טואַלעט.

**סאַנטשאָ:** ווי זײַט איר עס פאַרפאַלן געוואָרן? איך האָב אײַך געזוכט און געזוכט און ניט געקאָנט געפינען.

**גײַסטלעכער:** און מיר האָבן דיך אויך געזוכט און ניט געקאָנט געפינען. ווו ביסטו דאָס געווען?

**סאַנטשאָ:** זוכנדיק אײַך האָב איך פאַר־בלאָנדזשעט אין דער באַהעלטעניש פון מײַן האַר.

**גײַסטלעכער:** הייסט דאָס, אַז דײַן האַר געפינט זיך דאָ ניט ווײַט.

**סאַנטשאָ:** יאָ, זייער נאָענט—דאָ הינטער די בערגלעך. (ווײַזט מיט דער האַנט).

**גײַסטלעכער:** נו, וואָס איז מיט אים?

**סאַנטשאָ:** איך האָב אים געפונען אין אַ קלאָגעדיקן צושטאַנד. שפּאַצירט אַרום אין איין העמד, איז אויסגעדאַרט און אויסגעקוואַרט געוואָרן, גייט פּשוט אויס פון הונגער.

**גײַסטלעכער:** מע מוז אים וואָס גיכער אַוועקפירן פון דאַנען.

**סאַנטשאָ:** יאָ, ווי עס שײַנט, וועט ער שוין דאָ אויף קיין פאַל ניט קריגן קיין קיניגרײַך (באַמערקט מיקאָמיקאָן. מבולבל) ווער איז אָט דער אומבאַקאַנטער?

**שרער:** (קומט צו און דערקלערט פײערלעך) ליבער סאַנטשאָ, דידאָזיקע פערזאָן איז ניט קיין אַנדערער ווי דער פּרינץ מיקאָמיקאָ פון דעם לאַנד מיקאָמיקאַנאַ. ער קומט אַהער צו דײַן האַר, דעם באַרימטן ריטער פון דעם טרויעריקן געשטאַלט, בעטן הילף קעגן דעם גיגאַנט, וואָס האָט צוגערויבט זײַן טראָן.

**סאַנטשאָ:** וואָס טוט זיך דאָ?

**מיקאָמיקאָ:** פיר אונדז גלײַך צו דײַן האַר. איך וועל פאַלן צו זײַנע פיס...

סאַנטשאָ: אָ, קומט, מײַן האַר. דער באַרימטער ריטער דאָן קיכאָט וועט זיכער דערהאַרגענען דעם גיגאַנט און באַפרײַען אײַער קיניגרײַך.

גײַסטלעכער: (פירט אָפּ סאַנטשאָן אָן אַ זייט) געדענק, סאַנטשאָ, זאָלסט זיך ניט דערוועגן צו דערציילן דײַן האַר וועגן מיר און וועגן דעם שערער מיקאָלאַ. אַניט קען ער נאָך חלילה פאַרלירן די קיניגרײַך.

שערער: אַלזאָ, מיר גייען צום ריטער! (אַלע אָפּ).

(פ אָ ר ה אַ נ ג)

---

## סצענע III.

(דאָן קיכאָט, אין אַ לאַנגער העמד, מיט צעשויבערטע האָר לויפט אַרום איבער די בערג. עס באַווייזן זיך סאַנטשאָ פּאַנסאַ, דער פרינץ מיקאָמיקאָ און זײַן נושא כלים. דער גײַסטלעכער בלײַבט אָן אַ זייט).

סאַנטשאָ: אָט איז ער — מײַן האַר!

גײַסטלעכער: אָ וויי, ווי שרעקלעך ער זעט אויס! עס איז די העכסטע צײַט אים אַרויסצוזראַטעווען פון אָט דער לאַגע. (גייט אַוועק אָן אַ זייט).

(דאָן קיכאָט קומט צו צום פרינץ).

מיקאָמיקאָ: (טוט זיך אַ וואָרף פאַרן ריטער). אָ, דו קיניג איבער אַלע באַרימטע ריטער פון דער וועלט, באַרימטער העלד פון לאַ־מאַנטשאָ! איך ווענד זיך צו אײַער גרויס־מוטיקײַט און בעט אײַך זיך נוקם זײַן פאַר מײַן באַליידיקונג!

דאָן קיכאָט: איך זאָג עס אײַך צו, אויב נאָר עס וועט מיר ניט אויסקומען אַרויסצוטרעטן צוליב דעם קעגן דעם ווילן פון מײַן קיניג און די נוצן פון מײַן פאָטער־לאַנד.

מיקאָמיקאָ: גנעדיקער ריטער!..

דאָן קיכאָט: שטייט אויף און זאָגט, ווער איר זײַט.

מיקאָמיקאָ: איך בין פרינץ מיקאָמיקאָ, דער יורש פון דעם גרעסטן קיניגרײַך פון עטיאָפּיע.

דאָן קיכאָט: שטייט אויף, פרינץ, און זאָגט, וואָס איז אײַער פאַרלאַנג.

מיקאָמיקאָ: גרויסער ריטער! מײַן ביטע איז, איר זאָלט גיין מיט מיר אַהין, וווּ עס געפינט זיך מײַן פאַררעטער, וואָס האָט געבראָכן די געזעצן פון דער וועלט און פאַרכאַפּט מײַן קיניגרײַך. העלפט מיר אים פאַרטרײַבן!

דאָן קיכאָט: מײַן הילף איז געזיכערט. לאָמיר גלײַך גיין. איין פאַרלאָרענע מינוט איז אויך אַ שאָד — זי וועט זיך שוין צוריק ניט אומקערן.

מיקאָמיקאָ: (וויל אַ קוש טאָן דעם ריטערס האַנט).

דאָן קיכאָט: מע דאַרף ניט, מע דאַרף ניט, מײַן טײַערער פרינץ! (נעמט אים אַרום). (צו סאַנטשאָן) סאַנטשאָ, די מינוט ברענג מיר מײַנע וואָפן און זאָטל־אָן ראָסינאַנטען. מיר גייען אין אַ הייליקער שלאַכט.

(עס באַווייזן זיך דער גײַסטלעכער, הינטער אים — עטלעכע מענטשן).

גײַסטלעכער: (פאַרווּנדערט צו דאָן קיכאָטן) אָט דאָס זײַט איר עס? איך האָב מיר טאַקע נישט טועה געווען. דאָס זײַט איר, מײַן העל־דישער לאַנדסמאַן, דער באַרימטער דאָן קיכאָט דע לאַ מאַנטשאָ, וואָס שטיצט און באַשיצט אַלע אונטערדריקטע ריטער.

דאָן קיכאָט: דאָס זײַט איר מײַן אַלטער גוטער פרײַנט? גוט, וואָס איר זײַט געקומען. איר וועט אונדז בענטשן אין אונדזער היי־ליקער שליחות.

גײַסטלעכער: אין וואָס פאַר אַ שליחות?

דאָן קיכאָט: אָט וועט אונדז דער פרינץ דערציילן וועגן זײַן אומגליק

מיקאָמיקאָ: איך בין גרייט צו ערפילן אײַער פאַרלאַנג, הער ריטער.

(אַלע זעצן זיך אויס. מיקאָמיקאָ בלײַבט שטיין און דערציילט).

גנעדיקע הערן! ראשית האָב איך די ערע זיך פאָרצושטעלן: איך בין פרינץ מיקאָמיקאָ. דער פאָטער מײַנער האָט געהערשט איבער דער גרויסער אימפעריע מיקאָמיקאָן און איז געווען אַ מאַגיער. ער האָט זיך דערוווּסט, אַז ער מיט מײַן מוטער וועלן שטאַרבן פאַר דער צײַט און מיך איבערלאָזן אַ יתום. די מלוכה

וועט אײַנגענומען ווערן דורך אַ ווילדן גיגאַנט, וואָס הייסט „פּאַנדאַפּילאַנדאָ פונם פינצטערן בליק". דער פּאָטער האָט פאָרויסגעזען, אַז איך וועל קענען פאַרטרײַבן דעם ביזן גיגאַנט פון מײַן קיניגרײַך נאָר דאַן, ווען איך וועל פאָרן קיין שפּאַניע און געפינען דאָרט מײַן באַשיצער אין דער פּערזאָן פונם באַרימטן ריטער דאָן קיכאָט דע לאַ מאַנטשאָ. אַ סימן האָט ער מיר געגעבן, אַז דער ריטער איז הויך און דאַר און האָט אַ שוואַרצן צייכן אויף דער רעכטער פּלייצע.

דאָן קיכאָט: (צו סאַנטשאָן) ליבער סאַנטשאָ! באַלד זאָלסטו מיך אויסטאָן.

סאַנטשאָ: צו וואָס, מײַן האַר?

דאָן קיכאָט: כּדי צו דערווײַזן דעם פּרינץ, אַז איך בין ווירקלעך יענער ריטער, וועגן וועלכן זײַן פּאָטער האָט גערעדט.

סאַנטשאָ: דאָס איז איבעריק. איך ווייס, אַז איר האָט אַ שוואַרצן צייכן אויף דער פּלייצע. דאָס איז דאָך אַ סימן פון כּח.

מיקאָמיקאָ: דאָס איז גענוג. איך זע, אַז אַלץ, וואָס דער פּאָטער האָט פאָרויסגעזאָגט, איז מקוים געוואָרן. (קליינע פּאַוזע) יאָ, איך האָב נאָך פערגעסן צו דערציילן, אַז דער פּאָטער האָט איבערגעלאָזט אַ בריוו, ווו ער הייסט מיר איבערגעבן מײַן קיניגרײַך דעם העלדישן ריטער, באַלד נאָכדעם ווי ער וועט דערהאַרגענען דעם ריז פּאַנדאַפּילאַנדאָ, ווײַל דער ריטער וועט מיר אין אַלעם פאַרבײַטן דעם פּאָטער.

דאָן קיכאָט: (צו סאַנטשאָן) נו, ווי שײַנט עס דיר, פרײַנט סאַנטשאָ, דו האָסט נאָך אַלץ מורא, אַז מיר וועלן קיין מלוכות ניט אײַננעמען?

סאַנטשאָ: איר זײַט גערעכט, גנעדיקער האַר! (פריידיק) איך בין אין אַלץ אײַנשטימיק מיט אײַך, און איך גלויב הייליק, אַז איר וועט גאָר גיך מאַכן אַ סוף מיט דעם גיגאַנט.

מיקאָמיקאָ: אָט דאָס איז, גנעדיקע הערן, די געשיכטע פון מײַן גרויסן אומגליק. פון אַלע מײַנע באַגלייטער איז מיר איבערגעבליבן נאָר דער איינציקער נושא כּלים. אַלע איבעריקע זײַנען געפאַלן טויט אין דער צײַט פון אַ גרויסן שטורעמווינט אויפן ים.

דאָן קיכאָט: זאָרגט ניט, פּרינץ, צו אײַערע צרות וועט באַלד נעמען אַן עק. איך שווער אײַך נאָכאַמאָל, אַז איך וועל אײַך ניט פאַרלאָזן, ביז איך האַק ניט אָפּ דעם קאָפּ בײַ דעם שענדלעכן פּאַנדאַפּילאַנדאָ! (צו סאַנטשאָן) סאַנטשאָ, גרייט גלײַך אַלץ אין וועג אַרײַן! מיר פאָרן באַלד אָפּ.

סאַנטשאָ: צום באַפעל, הער ריטער; איך גיי אָנזאָטלען ראָסינאַנטען!

(פאָרהאַנג).

נאַכט. אַ לאַגער אין וואַלד. אַרום אַ פייער זיצן: גייסטלעכער, שערער, מיקאָמיקאָ, זיינע חברים.

גײַסטלעכער: נו, טײַערע פרײַנט, מיר זײַנען שוין נאָענט צום ציל. אונדזער שטעטל איז שוין נישט ווײַט. איצט איז געבליבן דאָס שווערסטע—אַרײַנצופירן דאָן קיכאָטן אין זײַן היים. ער וועט אָבער זיכער דערקענען דאָס שטעטל און גאָר קיין חשק ניט האָבן אַהין צו פאַרפאָרן.

מיקאָמיקאָ: איך האָב אַ פּלאַן! לאָמיר קריגן אַ שטײַג, אַרײַנזעצן אַהין דעם ריטער און אַזוי אַרום ברענגען אים אַהיים.

אַלע: אַן אויסגעצייכנטער פּלאַן!

שערער: אָבער דאָן קיכאָט וועט זיך ראָך ניט לאָזן אַרײַנזעצן אין שטײַג! מיר קאָנען נאָך אַרויס פון זײַנע הענט גוט צעמזיקטע.

גײַסטלעכער: ווייסט איר וואָס? לאָמיר זיך גאָר איבערטאָן פאַר רוחות און כאַפּן דעם ריטער אַ שלאָפעדיקן. דאַן וועט ער זיכער מיינען, אַז מע טוט אים אָפּ אַ כּישוף און וועט זיך לײַכט אונטערגעבן.

אַלע: גערעכט! גערעכט! לאָמיר טאַקע אַזוי טאָן!

שערער: אויב אַזוי דאַרף מען זיך צואײַלן. גראָד שלאָפט ער איצט. איז עס די בעסטע צײַט אָפּצוטאָן דאָס שטיקל אַרבעט.

(אַלע אָפּ. אין אַ ווײַלע אַרום באַווייזן זיי זיך אָנגעטאָן ווי רוחות. טײל ברענגען אַ שטײַג, טײל — דעם שלאָפנדיקן דאָן קיכאָטן. זיי זעצן אים אַרײַן אין שטײַג):

דאָן קיכאָט: (כאַפּט זיך אויף) וואָס איז דאָ? וווּ בין איך?

שערער: אָ, העלדישער ריטער פונם טרויעריקן געשטאַלט! זאָלסט זיך נאָר ווייניק נעמען צום האַרצן דאָסדאָזיקע געפּענקעניש. אַנדערש האָסטו ניט געקאָנט פאַרענדיקן די אונטערנעמונג, פאַר וועלכער דו האָסט אַזוי טרײַ געאַרבעט.

(עס קומט אָן סאַנטשאָ).

שערער: (צו סאַנטשאָן) און דו, אַ געטרײַסטער און איידלסטער פון אַלע וואָפּנטרעגער, וואָס האָבן ווען-עס-איז אַ שווערד געטראָגן, טרייסט זיך דערמיט, וואָס גאָר גיך וועט מקוים ווערן אַלץ, וואָס דײַן האַרץ באַגערט. גיי צוזאַמען מיט דײַן פאַרכּישופטן ריטער!

דאָן קיכאָט: ווער דו זאָלסט ניט זײַן, דו קלוגער כּישופמאַכער, וואָס דו טוסט מיר אָן דעם כּבוד צו זאָרגן וועגן מײַן גורל, בעט איך דיך זייער, דו זאָלסט מיך ניט לאָזן לאַנג בלײַבן אין דער דאָזיקער שענדלעכער תּפיסה! (צו סאַנטשאָן) און וואַס ס'איז שייך דיך, סאַנטשאָ, איז אויב עס וועט זיך מיר ניט אײַנגעבן צו שענקען דיר אַן אינדזל אָדער אַ קליין מלוכהלע, וועל איך אָן דיר נישט פאַרגעסן שרײַבנדיק מײַן צוואה, און אַזוי אַרום באַלוינען דיך ווי געהעריק פאַר דײַנע פאַרדינסטן.

(גייסטלעכער און שערער אָפּ אין אַ זייט).

סאַנטשאָ: איך דאַנק אײַך האַרציק, גנעדיקער האַר, אָבער מײַן געוויסן פאַרפליכטעט מיך אַרויסצוזאָגן אײַך מײַן חשד, אַז איר זײַט גאָרניט פאַרכּישופט. מיר דוכט, אַז מע האָט אײַך דאָ פּשוט אָפּגענאַרט. די דאָזיקע צוויי מענטשן, וואָס שטייען מיט די צוגעדעקטע פּנימער, זײַנען גאָרניט קיין כּישופמאַכער. איך דערקען גאָר אין זיי אונדזער גײַסטלעכן און דעם שערער ניקאָלאַ.

דאָן קיכאָט: זאָלסט קיינמאָל דײַנע אויגן נישט גלויבן, פרײַנד סאַנטשאָ! עס איז זייער מעגלעך, אַז די כּישופמאַכער האָבן אָנגענומען דאָס געשטאַלט פונם גײַסטלעכן און שערער כּדי בעסער, אונדז אָפּצוטאָן. איך

טאָף אָבער, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועל איך מיט דער הילף פון מײַן מעכטיקער האַנט דאָך ווערן אַ קײסער פון אַ גרויסער אימפּעריע, און דאַן, סאַנטשאָ, וועל איך דיר אַוועקשענקען אַ גאַנצן פירשטנטום.

(גײסטלעכער, שערער און פויערים פון דאָרף קומען אָן מיט אַ פור, הייבן אַרויף די שטייג אויפן וואָגן. אַלע רינגלען אַרום דעם וואָגן. עס קומען צו לויפן דאָן קיכאָטס אויפזעערין און זײַן פּלימעניצע).

פּלימעניצע: אוי וויי! וואָס ס׳איז געוואָרן פון מײַן פעטער!

אויפזעערין: ווי בלייך ער איז, ווי אויסגעדאַרט!

אַ פויער: אַן אמתער סקעלעט!

פּלימעניצע: ווו זיצט ער דאָס? (ברעכט די הענט) וואָס איז דאָס פאַר אַ שטײַג?

דאָן קיכאָט: ניט קיין שטײַג, נאָר אַ פאַרכּישופטער רײַטוואָגן!

פּלימעניצע: זאָל מען אים גלײַך פרײַ לאָזן!

גײַסטלעכער: זײַט רויִק, מײַן פרײַנדין! ער איז אין זיכערע הענט! מיר האָבן געמוזט אַזוי טאָן, כּדי צו ברענגען אים אַהיים.

(מע עפנט די שטייג און מע לאָזט אַרויס דאָן קיכאָטן).

גײַסטלעכער: הער ריטער! מיר לאָזן אײַך פרײַ פונעם פאַרכּישופטן וואָגן. גיט אונדז אָבער אײַער ריטערוואָרט, אַז איר וועט אָן אונדזער וויסן אינערגעץ ניט אַוועקגיין.

דאָן קיכאָט: איך גיב עס!

שערער: (צו די פרויען) מיר האָבן אים געבראַכט. מאָלט אײַך, אַז ס׳איז ניט אַזוי לײַכט אָנגעקומען. אָבער איצט דאַרף מען גוט אַכטונג געבן, ער זאָל ווידער ערגעץ ניט אַנטלויפן.

(עס ווערט געגעבן אַ סיגנאַל. די פּראָצעסיע נעמט זיך רירן).

דאָן קיכאָט: (אין דער פּאָזע פון אַ ריטער) עס דערנענטערט זיך די שעה! יאָ, איך גלויב און האָף, אַז אַ דאַנק מײַן מעכטיקער האַנט וועל איך באַלד ווערן אַ הערשער פון אַ מעכטיקער אימפּעריע, און דאַן...

(פאַרהאַנג).